שלוימע דאווידמאן

# אונדזער פאַרשטעלונג

ארויסגעגעבן

פון דער דראמאטישער סטודיאָ

באם אינטערנאציאנאלן ארבעטער אָרדן

1934

מיט [illegible] —
[illegible]
[illegible]

# מיר ווילן ברויט.

(וואריאנט)

ערשטע סצענע.

(פארנאכט. א ראג פון גאס.)

שיך-פוצער:
שאין, שאין!
איך פוץ שיך,
גוט און גיך
און פיין —
שאין, שאין!
(קיינער זעט זיך ניט. אינגל געניצט.)

פון באגינען
גיי איך אום פארדינען
אף ברויט.
בא אונדז אין הויז
לויפט ארום די מויז
און בייסט די נויט.
ניטאָ קיין ארבעט.
ליידיק זיינען טאטנס הענט.
ער גייט ארום,
ווי שטום,
און קוקט אף אונדזערע נאסע ווענט.
און אמאל,
גיט ער אזא מין ברום,
א לייבן - קאל,
די טיר — א פראל,
אנטלויפט,
ווי פון א פייער —
ערגעץ ברענט,
ערגעץ לעשן איז אוועק מיין טאטע —
און טעג,
אזעלכע אומעטיקע לאנגע —

די מאמע וויינט,
עס וויינען שוועסטערלעך,
עס וויינען נאסע ווענט.

ציימונגס-פארקויפער: (לויפט אן.)
„ניוס", „טיימס".
רוזוועלט זאגט:
„ניט קלאגט,
פראספעריטי צוריק
מיט גליק
אין אונדזער לאנד.
אט דא,
א שפאן
אף אונדזער ראג —
רוזוועלט זאגט!"
קויפט, לייענט,
„ניוס", „טיימס".

שיך-פוצער: (צום ציימונגס-פארקויפער)
טאקע עמעס? —
און מיין טאטע זוכט א דזשאב.
ליי א ציימונג
אף איין מינוט,
לויפן וועל איך צו מיין מאמען —
זי וויינט און קלאגט —
וועל איך איר ווייזן:
„רוזוועלט זאגט,
פראספעריטי,
עס ווערט שוין ווידער גוט!".

ציימונגס-פארקויפער:
א ציימונגל,
ברודערל,
קאסט צוויי סענט.

האלטסט עס אין די הענט,
ווערט עס שמוציק,
מע נעמט עס ניט צוריק —
מיין גליק.
„ניוס", „טיימס",
„רוזוועלט זאגט,
ניט קלאגט,
פּראספּעריטי"
קויפט, לייענט.

שיך־פּוצער:

נישטא קיין סענט,
ליידיק זיינען טאטנס הענט —
שאין, שאין!
איך פּוץ שיך,
גוט און גיך
און פיין —
שאין, שאין!

עפּל־פאַרקויפער: (צו די אינגלעך)

העי, קינדער,
קויפט א רויטן עפּל.
זעט די גרוים (ווייזט!)
ווי א טעפּל,
ווי א קעפּל קרויט.
קויפט!
מיינע ברידער בעטן ברויט,
מיינע שוועסטער בעטן מילך,
און אין הויז איז קאלט און נאס,
בין איך פרי ארוים אף גאס.
קויפט אן עפּל!
קויפט!

שיך־פּוצער: (קוקט אף די עפּל.)

שיינע עפּל וואקסן
אף דער וועלט.
ניטא קיין געלט.
מע פּוצט קיין שיך ניט.
שאין, שאין!

צייטונגס-פּארקויפער:
מע לויפט,
מע שרייט,
קויפט א צייטונג,
אן עפּל קויפט —
און אף ברויט איז ניטא.
„ניוס", „טיימס",
רוזוועלט זאגט:
„ניט קלאגט —
פּראספּעריטי!"

עפּל-פּארקויפער:
„רוזוועלט זאגט,
ניט קלאגט!" —
א קלאג צו זיינע יאָרן,
מיט דער גאָלדענער מעדינע.
צוואנציק יאָר האָט מיין טאטע
געארבעט בא מאשינען,
די רייכע רוכעס
זאלן האָבן אף וואס צו פאָרן,
וואוינען אין פּאלאצן
פון אונדזער פּראצע —
און מיך האָט מען געשיקט
פּארקויפן עפּל
אף דער גאס —
קינדער בעטן ברויט,
קינדער בעטן מילך,

אין הויז איז קאלט און נאס.

(עס קומען אריין צוויי מיידעלעך מיט קעסטעלעך טשואינג-גאם)

ערשט מיידעלע: (שטעלט זיך אוועק)
טשואינג-גאם, גוטע טשואינג-גאם, א פעני.

צווייט מיידעלע: (שטעלט זיך לעבן איר)
טשואינג-גאם, גוטע טשואינג-גאם, א פעני.

ערשט מיידעלע:
דאס איז מיין פלאץ, איך בין דא נעכטען געשטאנען, גיי אוועק פון דאנען.

צווייט מיידעלע:
דאס איז מיין פלאץ, איך שטיי דא אלע טאג.

ערשט מיידעלע:
גיי אוועק פון דאנען, אז ניט וועל איך דיר צעווארפן דיין גאנצע סכוירע.

צווייט מיידעלע:
א נו לאמיך עס טאקע זען, וועסט כאפן א פלעם אין פיסק אריין, אז דו וועסט זיך טעכאיע זיין.

ערשט מיידעלע: (גיט א שמיץ דאס קעסטל און די טשואינג-גאם צעפליט זיך)
פלי פון דאנען.
(ביידע מיידעלעך צעשלאגן זיך, רייסן זיך בא די האר)
(שיך-פוצער, עפל-פארקויפער, צייטונג-פארקויפער לויפן
צו, צענעמען זיי און שטעלן זיי אוועק אף צוויי
באזונדערע פלעצער.)

צייטונגס-פארקויפער: (צום ערשטן מיידעלע)
דו שטיי דא.

עפל-פארקויפער: (צום צווייטן מיידעלע)
און דו שטיי דא.

נעגער-שיך-פוצער: (קומט אן)
שאין, שאין.

שיך־פוצער: (גייט צו צום נעגער־שיך־פוצער און שטעלט אים אוועק)
און דו, שטיי דאָ.

א מאַן מיט א סיגאַר: (קומט אָן, שטעלט זיך אָפּ, געניצט און צינדט אָן א שוועבעלע.)

שיך־פוצער:
שאַין, שאַין!

עפּל־פאַרקויפער:
עפּל, עפּל!
צייטונגס־פאַרקויפער:

„ניוּז", „טײמס".
(זיי רינגלען ארום דעם מאַן מיט'ן סיגאַר.)

א מאַן מיט א סיגאַר:
העי, רעספּעקט און איידל,
ביזנעס פירט מען ניט אזוי.
ראַקעפעלער און פאָרד און עדיסאָן,
האָבן ניט אזוי געטאָן.
(לערנט זיי.)
„איך ווילט א צייטונג, סער!
איך ווילט אַן עפּל, הער!
מיסטער, פּלים, א שאַין!"
אָט אזוי,
איידל און פיין,
מאַכט מען ביזנעס.

צייטונגס־פאַרקויפער: (מאַכט אים נאָך.)
איך ווילט א צייטונג, סער?

עפּל־פאַרקויפער: (מאַכט אים נאָך)
איך ווילט אַן עפּל, הער?

שיך־פוצער: (מאַכט אים נאָך)
מיסטער, פּלים, א שאַין!

מאַן מיט א סיגאַר:
אָט אזוי, פיין!

(זעצט זיך אוועק, נעמט אן עפל, א ציימונג, באצאלט און לאזט זיך פוצן די שיך.)

(צו די פארקויפער)

און איר לויפט

און שרייט:

„קויפט, קויפט!"

וועט איר מאכן ביזנעס.

און דו, (צום פוצער) פוץ און רייב

שנעל און גיך, די שיך,

מיט הענט און פים און גאנצן לייב.

מאך אזא מין גלאנץ,

ווי גאנץ און ניי.

(דער נעגער־שיך־פוצער, ניט־האבנדיק קיין קוינע, פוצט זיין אייגענע פים און רעדט צו זיך: דעקלאמירט „דער שיך פוצער" פון מוישע שיפרים)

(ער באצאלט. רייבט אַן שטאָלץ נאָך א שוועבעלע, פאר־רויכערט און גייט אוועק.)

שיך־פוצער:

גוט ביי, הער, גוט ביי,

כא־כא־כא.

(אלע דריי צעלאכן זיך.)

אזא יאָלד.

ציימונגס־פארקויפער:

לערנען האט ער אונדז געוואלט.

עפל־פארקויפער:

א מענטש מיט א סיגאר,

האלט זיך פאר א גרויסן האר,

טפו!

(ארבעטלאזע שליאען זיך דורך, דאכלאזע קינדער גייען דורך, זוכן שפייז אין קאנען, שטיקלעך פון סיגארעטלעך.)

שיך־פוצער:

שאין, שאין!

ציטונגס-פארקויפער:
„ניוס", „טיימס".

עפל-פארקויפער:
עפל, עפל!

ארבעטלאָזער: (קוקט א ווײַלע אף זיי)
העי, יונג,
וואס שרייבט זיך אין דער ציטונג,
פראספעריטי? —
אָט איז זי: (ווייזט אף די ארבעטלאזע, דאכלאָזע)
מענטשן מיט געזונטע הענט,
שטייען הונגעריק בא ווענט
פון פאבריק,
מיט אראפגעלאזטע קעפ —
פאר די רייכע אנגעזאמלט גליק
און וואוילטאג
פולע טעפ.
און פאר זיך —
אלטער מאנטל, לעכערדיקע שיך.
„שאין, שאין"
ברענגט קיין נוצן,
קענסט די לעכער ניט פארפוצן.
און דיינע עפל זיינען גוט און רויט,
אָבער ניטאָ אפילע אף קיין ברויט. —
שרייט ניט אוים אזוי הויך
אייער סכוירע,
איר ווארפט אף אונדז ארויף
א גרויסע מוירע.
שטילער דארפט איר דורכלאָזן,
אונדזערן אן ארבעטלאזן!
(עם ווערט טונקעלער, שאטנס דרייען זיך ארום בא ווענט.)

שיך-פוצער: (שטילער)

שאין, שאין,
איך פוץ שיך,
גוט און גיך
און פיין — (נאָך שטילער)
שאין, שאין!

ציימונגס־פארקויפער: (שטילער)
„ניוס”, „טיימס”,
לייענט,
קויפט,
פראספעריטי,
גליק,
קומט צוריק.

עפּל־פארקויפער: (שטילער)
עפּל, עפּל,
א ניקל,
א שטיק.

אָרעם קינד: (צום שיך־פוצער און ציימונגס־פארקויפער)
אייך איז גוט,
איר פארדינט אַף ברויט,
און העלפט נאָך טאטע־מאמען,
בא אונדז איז אזא נויט —
מאמע האָט נעכטן אונדז געוואלט פארסאמען.
אין הויז איז אזוי קאלט,
ווי ווינטער אין וואלד.
איך און מיינע ברידער ווילן עסן,
מיין טאטע ארבעט נים.
ער איז אוועק.
שוין דריי טעג,
גלייך ווי ער וויל
אין אונדז פארגעסן.
(צום עפּל־פארקויפער.)

דיינע עפּל זיינען רויט
ווי בלוט.
ווען מע גיט מיר כאָטש אַ שטיקל ברויט,
ווער איך זאט
אַף אַ גאַנצן טאָג!
ניטאָ קיין געלט,
סי שלעכט,
אַ גרויסער קלאָג
איז איצטער אַף דער וועלט!
(לאָזט זיך אַראָפּ.)
אין הויז איז קאַלט און נאַס,
איך וועל שוין בעסער נעכטיקן אַף גאַס!
(עס ווערט טונקעלער. אַרבעטלאָזע שלאָפן שטייענדיק בא ווענט. קינדער דעקן זיך צו מיט צייטונגען און שפּאַרן זיך צו.)

## צווייטע סצענע.

(אַ קינדער ברויט־ליניע. אַ סקול־געביידע. סאַלווייזשן־אַרמי סטאַנ־ציע. דורך צוויי פענסטער טיילט מען אויס שטיקלעך ברויט און ביסלעך סופּ. אַ מאַן מיט אַ סיגאַר, אַ מאַן פון סאַלווייזשן־אַרמי, האַלטן די קינדער אין אָרדנונג. עס פּילט זיך אַן אומרו אין דער ליניע. ווען די מענער פאַרקוקן זיך, טיילן אויס פּיאַנערן ליפלעטס.)

איין קינד:
מע זאָגט, אַז באַלד וועט שוין קיין סופּ ניט זיין.

צווייט קינד:
און איך האָב שוין דעם צווייטן טאָג אין מויל ניט געהאַט.

דריט קינד:
אוי! (כאַלעשט אַוועק.)

איין קינד צום צווייטן: (איבער דער ליניע)
אַ קינד האָט געכאַלעשט פון הונגער!
(די צוויי מענער לויפן צו, הייבן אויף דאָס קינד, נעמען אים אַרויס פון דער ליניע און פירן אים צו די פענסטער.)

א מאן מיט א סיגאר:
האלט דיך שטארק, אינגעלע, דו קריגסט גלייך א גרויס שטיק ברויט.

א מאן פון סאלוויישן ארמי:
און דו וועסט קריגן א סוף, א פולן טעלער סופ.

איין קינד:
קינדער, לאמיר אלע כאלעשען, וועלן מיר גלייך קריגן סופ און ברויט.

א מאן מיט א סיגאר:
דו, קליינער, כאכמע זיך ניט, אז ניט ווארפן מיר דיך באלד ארויס. (איין פענסטער פארמאכט זיך.)

איין קינד צום צווייטען: (איבער דער ליניע)
מע גיט שוין/מער ניט קיין סופ.

א מאן מיט א סיגאר: (צום סאלוויישן מאן)
עפשער זאלן מיר זיך אפטראגן? עס וועט באלד קיין ברויט אויך ניט זיין.

א מאן פון סאלוויישן ארמי:
לאמיר שטיין אין דער זייט.
(עס קומען אן די קינדער פון שול, קינדער ברענטש פון אינ־טערנאציאנאלן ארבעטער ארדן, פיאנערן גרופע. מע שטעלט זיך אוים מיט פלאקאטן און פאנען)

פארזיצער:
דער הייננטיקער אפען עיר מיטינג איז גערופן געווארן פון די קינדער פון ארבעטלאזע, פון דער אידישער קינדער שול באם אינטערנאציאנאלן ארבעטער ארדן, פון קינדער ברענטש פון אינטערנאציאנאלן ארבעטער ארדן און פון די פיאנערן.

איין קינד צום צווייטן: (איבער דער ליניע)
מע גיט שוין מער ניט קיין ברויט.
(עס פארמאכט זיך דאס צווייטע פענסטער)
(עס ווערט אן אומרו. אין א ווינקל שטייען ביידע מענער)

א מאן מיט א סיגאר:
קום שנעל רופן די פאליציי. (אפ)

פאַרזיצער:
מיר ווילן באם היינטיקן מיטינג אויסקלייבן דעלעגאטען קיין וואשינגטאָן. מיר וועלן גיין צום פרעזידענט רוזוועלט און פון אים פאדערן, אז ער זאל פארזארגן די הונגעריקע קינדער.
(די קינדער פון דער ברויט ליניע זאמלען זיך ארום דעם אפען עיר מיטינג.)

פארזיצער:
דער ערשטער וועט רעדן א פיאָנער.

פיאָנער:
ארבעטער קינדער!
וואס שטייט איר דאָ
אזוי פארטרויערט,
וואָס בעט איר דאָ
בא גרויער טויער? —
שטיל, ווי בעטלער,
איינגעבויגן,
אויסגעשטעלט די הענט
צו שטומע ווענט,
אראפגעלאזט די אויגן? —
דאס איז אייערע פאטערס פראצע,
אייערע מוטערס שוויים און בלוט,
אייער מי און גליד און פלייצע —
יעדער ציגל
קאָסט אונדז אזוי טייער!
און אירווארט נאך אליץ
אף יוישער
פון דעם אוישער? —
וואָס

ווערט אייך שוין צוטיילן
דער באַלעבאָם? —
אָרגאַניזירט זיך!
מאָביליזירט,
דעמאָנסטרירט,
צוזאַמען, אינאיינעם,
האָבן מיר פאַר קיינעם
ניט קיין מורא
שטורעמט אויף דאָס לאַנד.
ברויזט,
פייערט, קעמפט,
הייבט אויף א פויסט!

איין קינד:
מאָביליזירט!

צווייט קינד:
אָרגאַניזירט!

דריט קינד:
דעמאָנסטרירט!

עפּל־פאַרקויפער:
ברויזט!

עטלעכע:
א פויסט!

איין קינד:
וואָס דאַרפן מיר טאָן? —

פּיאָנער:
מיר שיקן קינדער דעלעגאַטן
פון די אַלע הונגער שטאַטן
צו דעם פּרעזידענט פון לאַנד.
און מיר פאָדערן ברויט
פאַר אַלע הונגעריקע! —
זיינט איר גרייט?

אלע:

מיר וועלן קעמפן.

איין קינד:

איך נעם אָן אלס דעלעגאט.

צווייט קינד:

איך וועל גיין קיין וואשינגטאָן.

דריט קינד:

איך וועל פאָדערן באם פרעזידענט.

פארזיצער:

און איצט וועט רעדן צו אייך א מיטגליד פון קינדער ברענטש פון אינטערנאציאָנאלן ארבעטער אָרדן. דער ברענטש זארגט פאר'ן געזונט און לעבן פון ארבעטער קינד.

אָרדן מיטגליד:

ארבעטער קינדער!
וואָס שטייט איר דאָ
אוןווארט א שאָ
און צוויי
אױף דעם ביסעל סוף?
דער טאָם פון שפייז אין סקול
איז פול מיט סאם.
דער לערער רעדט אונדז איין,
אז אלץ איז פיין
און דעמאקראטיש.
לייטיש,
פריי. —
אז באשערט איז עס פון גאט!
אזוי דארף זיין
אױף אונדזער וועלט,
אין אונדזער לאנד:
אז אויסגיין זאלן מיר
פון הונגער

נויט
און קעלט;
שטארבן פאר א שטיקל ברויט
זאל קינד
און מאן
און פרוי
און יונגער
אין אונדזער גאלדן לאנד!
רייך
און גרויס
און ברייט און פעט
איז אונדזער לאנד.
אונדזער שפייז,
ווארפט דער באָס
אריין אין טייך.
פארוואס?
ווייל איר שטייט
און בעט
און ווארט א שא
און צוויי
אף דעם ביסל סופּ.
לאָזט הערן אייער שטימע.
שטעלט ארויס
די פויסט,
הויבט אויף א האנט,
אז א ציטער טאָן
זאָל אונדזער גאָלדן לאנד!

איין קינד:
הייבט אויף דעם קאפּ.

צווייט קינד:
הייבט אויף די האנט.

דריט קינד:

צימערן זאל אונדזער לאנד.

פּאַרזיצער:

און איצט וועל איך אייך פארשטעלן א קינד פון די ארבע־טער קינדער שולן באם אינטערנאציאנאלן ארבעטער ארדן. דאָס זיינען די איינציקע שולן, וואס דערציען די קינדער צו העלפן דעם קאמף פון ארבעטער קלאס.

שול־קינד:

ארבעטער קינדער!
דאכלאָזע קינדער!
אין דער שול
באם אינטערנאציאָנאלן
ארבעטער ארדן,
לערנט מען: אז פול
איז איצט די גאנצע וועלט
מיט ארבעטלאזיקייט,
מיט הונגער און מיט מארדן,
וועלט־מילכאָמע ווערט געגרייט,
ברודער־שלאכטן האבן זיך פארשפרייט.
נאר איין לאנד
איז נאר פאראן,
וואו די שאנד
פון קינדער דאכלאזע
איז שוין ניט פאראן.
אמאָל האָבן דאָרטן
קינדער אויך געהונגערט,
געוואָגלט און געוואנדערט,
אָפּגעריסענע, צעשליסענע,
אף נאסער גאס,
אף העפקער,
אף ווינטן און אף קעלט. —

היינט איז דאָרט
אַן אַנדער וועלט,
א נייע וועלט:
עס שיינט דאָרט זון אױף ברייטן פעלד,
עס שטראַלט די פרייד אױף גרויסער שטאָט.
עס איז דאָרט קינד פון שול א העלד,
עס גייט דאָרט קינד אין לענינס טראָט.
פיאָנער איז שטענדיק גרייט
צו העלפן לאַנד אין יעדער קאַמף
פאַר פלאַן, פאַר ראַדיאָ, פאַר ברויט,
מאַשין און טראַקטאָר, פאַבריק און דאַמף.
שליסט זיך אָן
אין קינדער שול,
אין אָרדן-ברענטש,
אין די פיאָנערן —
אָרגאַניזירט זיך, אײנאײנעם,
וועלן מיר זיך לערנען
ווי צו קעמפן
פאַר א בעסער לעבן
און ווי אזוי באַפרייט
צו ווערן.

אַלע: (פּליעסקען מיט די הענט)
ריכטיק, ריכטיק.

דאַכלאַז נעגער קינד:
ברידער, קינדער!
הייליק זיינען
זייערע רייד,
איר שטייט און שטייט
און בעט
און וואַרט אױף שטיקל ברויט.
ווי לאַנג נאָך

וועלן מיר דא וואַרטן
הונגעריק־פאַרשמאַכטע
און טראַכטן
ווער סי שולדיק אין אונדזער נויט ? —
מיר ווילן עסן,
מיר ווילן ברויט.
וואָסער ווערט האָט אונדזער לעבן,
ווער האָט מוירע פאַרן טויט !
אין קאַמף !
אַלע, אַלע, ווייס און שוואַרץ,
צוזאַמען, קליין און גרויס,
פאַראויס !
א טויט
די רייכע
מיט די פעטע בייכער —
אין קאַמף
פאַר ברויט !
(אַלע מאַרשירן אַרום דער בינע מיט פּלאַקאַטן אין די הענט.
פאַראויס ווייסע און שוואַרצע דעלעגאַטן, מיט פויסטן רוף :)

אַלע :

א טויט
די רייכע,
מיר ווילן ברויט !
(מיט געזאַנג מאַרשירן זיי אַוועק.)

* * *

(די דראַמסטודיאָ האָט דורכגעפירט „מיר ווילן ברויט", מיט ענדערונגען, צוגעפּאַסט מערסטע קינדער ראָליען פאַר גרויסע, עס איז אַריין דער טייל :)
(עס קומט אָן די סאָלווייישן אַרמי — מיט פּויק. שטעלן זיך אין א קרייז. מע זינגט גאָטס ליד. דער אוילעם זאַמלט זיך אַרום)

פריידיקער:
גאָט זאָגט:
און ווען די מענטשן
ווערן פול מיט זינד,
עס גלויבט ניט מאַן
ניט פרוי
ניט קינד:
טו איך אזוי:
הונגערן וועט יעדערער אַף ערד,
הונגערן וועט יעדערער אין וועלט,
נויט און קרענק און טויט
פארשפרייטן וועל
אַף יעדער הויז
אַף יעדער שוועל
פון מענטשן קינד.

גלויביקע:
איך בין אויך געווען א זינדיקע
און נויט און הונגער
האָט אין הויז בא מיר
געהערשט.
און א מויד, נאך גאר א יונגע,
האָט טויט פארכאפט
אין זיינע נעגל.
איך האב זיך אומגעקערט צו גאָט
און גאט האָט מיך גענומען בענטשן.
מענטשן זינדיקע,
מענטשן פון נויט און הונגער,
קערט זיך אום צו גאט,
ער וועט די זינד פארגעבן
און ברענגען ליכט אין
אונדזער אָרעם לעבן.

פריידיקער:

גאָט,
וואָס האָט
די גאַנצע וועלט באַשאַפֿן.
הימל, ערד
און מענטשן,
איז גרייט פֿאַרגיבן די זינד
פֿון מענטשן קינד,
און אייך און אייער לעבן
בענטשן.
קערט זיך אום צו גאָט.
נאָר אין גלויבן
קענט איר זיך דערהויבן.
שיין וועט ווערן אייער לעבן
און איר וועט נאָך קריגען דעם גאַן אײדן
אױף יענער וועלט.

פֿרוי:

העי דו, מיט כוצפּע אין דיין מויל,
עס כאַפּט דאָך אָן א גרויל
פֿון יעדן וואָרט פֿון דיינעם.
דו האָסט פֿאַרקויפֿט דיין לייב
צו גאָט און זיינע פּאַראַזיטן
פֿאַר א טעפּל סופּ
פֿאַר א שטיקל ברויט —
און דינסט די רייכע
— מיט מויל און לייב און לעבן
פֿאַר א שטיקל קליידל —
מער ווי ברעקלעך פֿון דעם רייכנס טיש
וועט מען דיר ניט געבן.

צווייטע פרוי:

דו הייסט אונדז קוקן אפן הימל,
דינען גאָט און זיינע לייט
און דאָ אויסגיין פונ'ם הונגער
שטיל ווי לעמעלעך אָן שטרייט.
מיר האָבן צופיל שוין דעם גלויבן
אין דיין גאט, און אין דיין באָס —
אָבער וויסט און פינסטער איז דאָס לעבן
גויט און טויט שניידט אונדז ווי גראָז.
עפעס מוז א ניי וואָרט קומען,
קומען מוז אן אנדער צייט
ניט הונגערן זאָלן בא אונדז קינדער,
ניט שטארבן זאָל דער מאן און ווייב.
קיינער, קיינער וויל אונדז העלפן,
ניט גאָט, ניט רייכער פילט די נויט,
מיר אליין וועלן דארפן קעמפן
פאר דעם קלייד און ביסן ברויט.

פאָרהענגל.

## די לעוואָנע צו גאַסט באַם סערף און האַמער

(באַנאַכט. קעמפּ. קינדער שלאָפן אין באַנגעלאָ. דער אויפפּאַסער
דעקט זיי צו. וואַרפט דאָס ליכט פון עלעקטרישן לעמפּל אין אַלע
זייטן. אַלץ אין אָרדנונג, זעצט ער זיך אַוועק און פייפט אויס
א סאָוועטישע מעלאָדיע.)

לעוואָנע: (קומט אַראָפּ און קייקלט זיך צו צום אויפפּאַסער)

וואָס זיצטו דאָ
אין שפּעטער שאָ
פאַרטראַכט?
שפּאַציר אַרום —
אומעטום
אַזאַ פּראַכט
לעוואָנע נאַכט.

אויפפּאַסער:

כ'היט קינדערס רו
אין שפּעטער שאָ.
בייזער ווינט
קען אָפּדעקן אַ קינד.
אַ שלאַנג קען גיבן אַ ביס
אין קינדערס פיס.
זיץ איך דאָ, אין שפּעטער שאָ
און היט קינדערס רו.
און דו?

לעוואָנע:

איך שווים און דרימל
אויפן הימל
אומעטיק אַליין.
שטערן אָן אַ שיר
רייצן זיך מיט מיר.
און געהערט האָב איך,
אַז באַ אייך אין קאַמער
איז פאַראַן אַ נייע מין לעוואָנע
סערף און האַמער.
ניט געשפּאַסט —

האָם איך געטראַכט,
אין אזא נאַכט
איז גוט צו גיין צוגאַסט.

אויפפּאַסער:
א גאַסט
איז בא אונז קיינמאָל ניט קיין לאַסט.
(גייט ארויסרופן סערף און האמער)

לעוואָנע: (קוקט אריין אין באַנגעלאַ.)
קינדער לעבן
שיין און גוט,
ווען מע ארבעט
און מע רוט.
און איך אַף הימל
דאַרף אייביק שוועבן —
אזא לעבן, אזא לעבן.

סערף און האמער: (קומט ארוים מיט א רויטן שטערן)
א גאַסט פון אויבן,
וואָס זשע הערט זיך?
מענטשן גלויבן,
אז דאָרטן וואוינט א גאָט,
וואָס האָט
די גאַנצע וועלט באַשאַפן.

לעוואָנע:
נאַראָנים גלויבן,
פּוסט איז אויבן.
אייביק שוועבן
איז מיין לעבן.
און דו
מיין פריינט, וואָס היטסטו?

סערף און האמער:
איך היט
די טריט
פון יעדן קינד

ווען אוף
אין שלאָף.
ווי ווינט געשווינד
קום איך מיט וואָרט
אף יעדן אָרט.

לעוואָנע:
צוליב וואָס
טוסטו דאָס?

סערפּ און האמער:
איך בין די קרוין
פון ארבעטער און פּויער.
איך טראָג א לוין
פאר ארבעט — קינד און בויער.
און דאָ אין קעמפּ —
ארבעט-קינדער, פּיאָנערן,
ניט ווי דו, א טרעמפּ,
קען איך דיר שווערן.

לעוואָנע:
ווען זשע זיינען קינדער פריילעך,
אז מע ארבעט טאג און נאכט;
אז דער סערפּ איז דאָ דער מיילעך
און דער האמער האט די מאכט.

סערפּ און האמער:
פריילעך — שטענדיק, אויגן-גלאנצן,
פרייד, געלעכטער, אָן א שיר.
ווילסטו, וועלן קינדער טאנצן,
זינגען, שפּרינגען דאָ פאר דיר.

לעוואָנע:
לאמיך זען טאקע די קינדער,
עפּעס איז בא דיר א וואונדער.

סערפּ און האמער:
קינדער, קינדער קומט ארויס,
לעוואנע וויל אייך קענען.
ליד פון ארבעט זינגט דאָ אויס,

ליד פון כאַוועך לענין.

קינדער: (קינדער קומען אַרום טאַנצן און זינגען.)

לעוואָנע:

טאַקע אַ וואונדער,
וואונדער קינדער,
און איך אױף הימל מוז נאָר שוועבן,
שווים און דרימל,
אַזאַ לעבן, אַזאַ לעבן.

סערפּ און האַמער:

ניט געזאָרגט לעוואָנע
קומען וועט אַ צייט,
ווען די וועלט די גאַנצע,
ווערן וועט באַנייט.
די וועלט — איין לאַנד,
אַ סאָוועטן פאַרבאַנד.
יעדער אַרבעט, לעבן ניי,
פרייד און פרידן,
אַלע פריי.
די וועלט ווערט,
לענין ערד.

לעוואָנע:

האָ דאָן, אַ לעבן פיין,
אָבער פון מיר, וואָס וועט זיין?

סערפּ און האַמער:

שיקן וועל אַ קריצער דאָן
אין אַ רויטן עראָפּלאַן,
פליען וועט ער אױפן הימל
און דיך אויפוועקן פון דרימל,
קריצן וועט אױף דיר מיין הערב,
שטאַרקן האַמער, שאַרפן סערפּ,
מיט לענין וואָרט באַהעלט,
וועסטו שיינען איבער וועלט.

קינדער: (זינגען און טאַנצן סאָוועטיש, נעמען די לעוואָנע מיט
סערפּ און האַמער אינמיטן).

# א יאָנטעוו אין שול

(די שול איז דעקארירט מיט בילדער פון רעוואלו-
ציאנערן. א געדעקטער טיש. קינדער האלטן אין
צעלייגן סאלפעטקעס).

ראָכל: — קינדער, מיר זיינען שוין באלד פארטיק.

פייגל: — מיר האבן נאך קיינמאָל ניט געהאַט אין שול אזא גרוי-
סען יאָנטעוו.

לייבל: — איר ווייסט ניט פארוואס?

קינדער: — איך ווייס, איך ווייס.

לייבל: — זאג דו, ראָכל, פארוואס?

ראָכל: — ווייל מיר האבן נאך קיינמאל ניט געשיקט קיין דעלע-
גאציע אין סאוועטן-פארבאנד.

קינדער: — ריכטיק, ריכטיק.

ייעלוול: — (דער פארזיצער, לויפט אריין א צעטומלטער) נו, קינ-
דער, שוין אלץ צוגעגרייט? פיין. אוי וועט זיין ביי אונז א
יאָנטעוו, נאך קיינמאל אזוינס ביי אונז ניט געווען.

פארוואלטערין: (קומט אריין נאך מיט איינער באגריסן דעם יאָנ-
טעוו) אָ, קינדער, זייער שיין, זייער שיין.

צווייטע פארוואלטערין: — נו, ווען וועט זיך עס אנהויבן דער
יאָנטעוו?

לייבל: — באלד, באלד, מיר דארפן אלץ מאכן פינקטלעך.

ראָכל: — וועלוול, די פראגראם האסטו שוין צוגעגרייט?

קינדער: — (עטלעכע לאָזן זיך צו וועלוולען) טאקע, שוין אלץ צו-
געגרייט?

וועלוול: — אלץ איז שוין אויסגעשטעלט, הערט זיך איין (לייענט
פון פאפיר): דער לערער וועט עפענען דעם באנקעט מיט
עטלעכע ווערטער, מיר וועלן זינגען לידער, עטלעכע בא-
גריסונגען און טענץ.

קינדער: — זייער גוט, זייער גוט.

לייבל (קוקט צו דער טיר): — מען גייט, מען גייט, אלע קומען
שוין.

קינדער: (זינגען) —
לאמיר אלע פיאנערן אינאיינעם
די דעלעגאטן מעקאבל פאנים זיין.
(עס קומען אריין קינדער מיט רויטע בענדלעך. זעקס
דעלעגאטן: פון נעגער, גאסטאַניע, וועבער, שול,
נאָדל ארבעטער, פיאנערן)

דעלעגאטן: — זייט געגריסט, כאוויירים, זייט געגריסט.

וועלוול: — אלע וועלן זיך אוועקזעצן. כאוויירים! היינט איז ביי אונז א גרויסער יאָנטעוו. מיר, די קינדער פון דער אידישער שול ביים אינטערנאציאנאלן ארבעטער ארדן, האבן צוגע־גרייט א באנקעט פאר דער קינדער דעלעגאציע קיין סאָ־וועטן־פארבאנד. (מען פאטשט מיט די הענט).

וועלוול: — מיר וועלן אנהויבן מיטן א„ינטערנאציאנאל" (אלע זינגען.)

וועלוול: — דאס ערשטע וואָרט וועט קריגן אונדזער כאוועך לע־רער פון דער שול.

לערער: — (רעדט וועגן דער דעלעגאציע, וועגן די שולן אין סאָ־וועטן־פארבאנד און פארענדיקט) לאנג לעבן זאל אונדזער פראלעטארישע שול!

וועלוול: — מיר וועלן איצט פארשטעלן אן ארבעטער קינד פון אן אנדער ראסע, אבער פון אונדזער קלאס, כאוועך וויליאם.

וויליאם (נעגער קינד): — כאוויירים! איך האב שטענדיק גע־מיינט, אז די ווייסע און שווארצע מענטשן דארפן זיך פיינט האבן. איצט אָבער זע איך, אז די קאפיטאליסטן האבן עס אויסגעטראכט אזא זאך. מיר, ארבעטער קינדער, שול קינ־דער, פיאָנערן, פון אלע ראסן, דארפן זיין צוזאמען צו העלפן אונדזערע עלטערן אין זייער קאמף. לאנג לעבן זאלן די פיאָנערן און ארבעטער־קינדער! (מע פליעסקעט מיט די הענט).

וועלוול: — נאָך איין כאַווער וועט ריידן פון אונדזערע דעלע־גאַטן, כאַווער מאַרים.

מאַרים (וועבער קינד): — כאַווײרים! מיר האָבן איין לאַנד, וואָס ווערט אַנגעפירט פון אַרבעטער און פּויערים. מיר וועלן אַלץ דאָרטן לערנען און קומען צוריק און דאָס אייך דערציילן. און צוזאַמען וועלן מיר פירן אַ קאַמף, אַראָפּוואַרפן די קאַ־פּיטאַליסטישע רעגירונג אין אַמעריקע און אויך דאָ איינ־פירן אַ פרייַ לאַנד. לאַנג לעבן זאָל דער סאָוועטן־פאַרבאַנד! (הענט פּאַטשן).

וועלוול: — איצט, כאַווײרים, וועלן מיר צובייסן און זינגען אַ פּאָר לידער. (מען עסט און מען זינגט).

וועלוול: — איך וויל איצט פאָרשטעלן איינע פון אונדזערע שול קינדער, וואָס וועט דעקלאַמירן פאַר אייך אַ שיינע ליד, דאָס איז כאַווערטע ראָכל.

אַלע: — ראָ ראָ ראָ ראָכל, ראָ ראָ ראָכל, ראָ ראָ ראָ ראָ ראָכל, ראָ ראָ ראָכל.

ראָכל: (דעקלאַמירט אַ ליד, מען פּאַטשט).

וועלוול: — עטלעכע קינדער וועלן דורכפירן אַן אַרבעטער טאַנץ (מען טאַנצט, קינדער באַגייסטערט).

כאַווײרים: — איידער מיר שליסן אונדזער יאָנטעוו, ווילן מיר דערמאָנען אַלע געסט און קינדער, אַז אַלע זייערע באַקאַנ־טע און פריינט זאָלן שיקן זייערע קינדער אין אונדזער שול, ווייל אונדזער שול איז די איינציקע אידישע אַרבעטער קינ־דער שול.

אַלע צוזאַמען: — זאָל לעבן די אידישע שול ביים אינטערנאַציאָ־נאַלן אַרבעטער אָרדן! (מען זינגט דעם אינטערנאַציאָנאַל).

פאָרהאַנג.

## אינהאלט: